

## וואָס זאָל אַ ייִנגעלע טאָן?

שווער איז דעם ייִנגעלע וואָס איך פֿאַרמאָג
אַליין זיך צו שפּילן אַ גאַנצענעם טאָג.
שטאַרקער פֿון אײַזן דאַרף ייִנגעלע זײַן,
ער זאָל נישט פֿאַרקריכן אין בלאָטע אַרײַן.

איז וואָס זשע קאָן טאָן אַזאַ ייִנגעלע זים
מיט הענט ווי אויף שרייפֿלעך, ספּרוזשינקעס די פֿיס?
און וואָס האָט דער יונג שוין נישט איבערגעטאָן!
נאָר ווייס איך, עס קלעקט נישט אַפֿילו אויף אַ צאָן.

ער האָט שוין באַפּוצט דעם שפּאַליר פֿון דער וואַנט,
געעפֿנט, פֿאַרמאַכט אַ מאָל צוואַנציק דעם קראַנט,
אין מיטן דעם באָדן — געמאַכט זיך אַ שפּיל:
צעפּליושקעט דאָס וואַסער — כאָטש שווים אויפֿן דיל.

געגנבֿעט אַ לעק מיט דער צונג פֿון דער זייף,
צעבונדן אַ שוך און פֿאַרפּלאָנטערט דעם שלייף.
געשלעפּט און געבראַכט אַלע טעפּלעך פֿון קיך,
געעפֿנט דעם שראַנק און צעוואָרפֿן די שיך.

געפּרוּווט צו פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון אַ שוך,
געטענהט, גערעדט מיט די חיות פֿון בוך,
געהאַווקעט צום הינטל, געמוקעט צום קאַלב,
און ענדלעך צעריסן דאָס ביכל אויף האַלב.

איצט ווייסט נישט מיין יינגעלע וואָס מע טוט נאָך,
אומעטיק זיצט ער אָן אַרבעט אַ שטאָך.
שווער איז דעם זונעלע וואָס איך פֿאַרמאָג,
אַליין זיך צו שפּילן אַ גאַנצענעם טאָג.

1938

# אַ רעטעניש

וואָס מיינסטו בין איך דיר: אַ פּאַס מיט מעשהלעך —
מע גיט אַ דריי דעם קראַנט — און ס׳גיסט זיך אַלץ?
סך הכל קומען דיר די רעכטע שמייסעלעך —
די שמיץ מיט פעפער און די שמיץ מיט זאַלץ.

אַז נאָר דו לאָזט מיך נישט צו רו קיין רגעלע,
און רייסט די צייטונגען פון מיינע הענט,
גיי בעסער שפּיל זיך מיט דיין פייער-וועגעלע,
דו שנעק, דו פייערמאַן, דער האָדסאָן ברענט!

— דער האָדסאָן קאָן נישט ברענען! פרעג אַ רעטעניש,
דערצייל אַ מעשהלע, צי זינג אַ ליד.
— פון וואַנען קומט צו דיר אַזאַ גערעטעניש?
אַז נאָר דו ווילסט און ווילסט און ווערסט נישט מיד.

נו, גוט, באַרואיק דיך, דו קאָכיק טעפּעלע,
איך פרעג אַ רעטעניש — און דו באַקלער,
שפּיץ אָן די אויערלעך, לייג צו דאָס קעפּעלע,
פאַרקנייטש דאָס שטערנדל, און שאַ און הער:

עס האָט צוויי פיסעלעך — און גייט נישט ווי מע דאַרף,
עס האָט אַ מיילעכל — און שווייגט נישט שטיל,
עס האָט צוויי הענטעלעך — און עסט נישט ווי מע דאַרף,
און עסט עס קאַשע — עסט דער גאַנצער דיל.

עס איז אַן אײַזמאַן און עס איז אַ פּייערמאַן,
און ווילסטו, איז עס גאָר אַ קאַפּיטאַן,
עס איז אַ טומלמאַן, עס איז אַ שרייערמאַן,
עס איז אַ מאַטאָרמאַן און פֿירט אַ באַן.

דו שמייכלסט, אומרו מיין — אין באַק אַ גריבעלע,
דו האָסט געטראָפן און דו זאָגסט נישט אויס!
נו, גיי פֿאַרענדיק שוין דאָס נייע שטיבעלע,
דיין ברוינער טעדי-בער באַדאַרף אַ הויז.

1939

## צוויי שיכעלעך

אַז ייִנגעלע ליגט אין זיין בעט נישט געזונט,
קוקן די ווענט מיט באַדויער,
שטייען צוויי שיכעלעך אונטערן בעט —
שיכעלעך פולע מיט טרויער.

קאַלטע און עלנטע שטייען זיי דאָרט,
שווייגן און קוקן פאַרדריסלעך,
וואַרטן צוויי שיכעלעך אונטערן בעט
אויף ייִנגעלעס וואַרעמע פיסלעך.



זאָגט שיכעלע רעכטס צו דעם שיכעלע לינקס:
איך בענק נאָך דעם יינגעלע זיסן,
אַט זאָל ער נאָר אויפשטיין געזונט פון זיין בעט —
איך וועל אים מיט ליבשאַפט באַגריסן.

זאָגט שיכעלע לינקס צו דעם שיכעלע רעכטס:
אַט זאָל ער נאָר בעסער זיך פילן —
איך שווער דיר: איך וועל אים שוין קיין מאָל נישט מער
דאָס פיסעלע לאָזן פאַרקילן.

אַז יינגעלע ליגט אין זיין בעט נישט געזונט,
קוקן די ווענט מיט באַדויער,
שטייען צוויי שיכעלעך אונטערן בעט —
שיכעלעך פולע מיט טרויער.

1940



## קאַרוסעלן

רונדאַ, רונדאַ, רונד אַרום
אויף די קאַרוסעלן,
יאַנקל-באַנקל בול-בול-בול
הערט נישט אויף צו קוועלן.

אַ פּוס אַהער, אַ פּוס אַהין
און דאָס פערד אין מיטן,
יאַנקל-באַנקל פייער-פלאַם,
אַז רייַטן, איז געריטן.

ראָד אַריין און ראָד אַרויס,
אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט זיך,
יאַנקל־באַנקל יאָגט זיין פערד —
יאָגט זיין פערד און פרייט זיך.

קלינגען גלעקלעך, פּויקט די פּויק,
די שאַרמאַנקע זשומעט,
טאַנצט די וועלט אַ קאַראַהאָד,
דרייט זיך אַלץ אַרומעט.

רונדאָ, רונדאָ, רונד אַרום
אויף די קאַרוסעלן,
יאַנקל־באַנקל בול־בול־בול
הערט ניט אויף צו קוועלן.

1927

# הוידלקעס

קליינע גרינע הוידלקעס
ווי מאַגנעטן ציען,
שטרעקן זיך צוויי הענטעלעך
צו בענקעלעך וואָס פליען.

פליט מיין קליינטשיק מיידעלע
אויסגעפּוצט אין ראָזן,
ס׳האָט אַ ווינט אַ שטיפערל
אירע האָר צעבלאָזן.

פינקלען בלוי די אייגעלעך —
ווי הימלען נאָך אַ רעגן,
לאַכט און ווייזט פיר ציינדעלעך —
ס׳איז איר גאַנץ פאַרמעגן.

ביימער רעכטס און ביימער לינקס,
פון פאָרנט און פון הינטן,
פליט מיין קליינטשיק טעכטערל —
אַ רייטערין אויף ווינטן.

1943

## שומרים דריי

אַ זומער־ווינט מיט הענט ווי סאַמעט,
אַ זומער־זון מיט האַרץ צעגליט —
זיי האָבן ביידע איינגעמאַמעט
מיין קליינע מויד אין וועגל מיד.

דער גוטער ווינט צווישן בלעטער —
ער שעפּטשעט ברכות פאַר מיין קינד,
און מיט די ווייכע פינגער גלעט ער,
און אָטעמט אין איר פּנים לינד.

עס קושט די זון די בעקלעך גלאַטע,
און זי — זי שלאָפט און ווייסט קיין זאַך,
און זון, און ווינט, און איך איר טאַטע,
ווי שומרים דריי מיר האַלטן וואַך.

1944

## דרײַ ייִנגעלעך

די מאַמע האָט דרײַ ייִנגעלעך,
דרײַ ייִנגעלעך געהאַט
מיט װײַכע רויטע בעקעלעך,
װי צאַרטער סאַמעט גלאַט.

האָט אײנס געהייסן בערעלע,
דאָס צװייטע — חיים-שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהייסן —
מע זאָל אים קויפֿן שיך.

איך האָב אײַך אָפּגענאַרט,
איך האָב געװוּסט איר װאַרט,
דאָס דריטע קליינע ייִנגעלע,
דאָס דריטע — דאָס בין איך.

די מאַמע האָט דרײַ ניסעלעך
פֿון דעם יאַריד געבראַכט,
דרײַ גוטע פֿעטע ניסעלעך —
דרײַ ניסעלעך אַ פּראַכט.

איז איינם געווען פאַר בערעלען,
און איינם פאַר חיים־שמערעלען,
און גאָר דאָס בעסטע ניסל —
האָט זי געלאָזט פאַר זיך.

איר וווּנדערט זיך אַ ביסל,
פאַרוואָס נישט מיר אַ ניסל?
ווייל ניסן, ניסן, ניסעלע
דאָס דריטע — דאָס בין איך.

די מאַמע האָט אַהיימגעבראַכט
צוויי ניסעלעך און מיך,
צוויי ניסלעך פאַר די ברידערלעך
און מיר — צוויי נייע שיך.



1921



## אויף רעדלעך

רעדלעך, רעדלעך רעדעלעך,
אויף יעדן פוס צו פיר,
אויף שטעגן־וועגן גלאַטינקע,
געפלאַסטערט בלויז פאַר מיר.

דאָס ערשטע רעדלט רידל־ראַ,
דאָס צווייטע — רידל־רוים,
דאָס דריטע רעדלט רידל־רי,
דאָס פערטע הערט מען קוים.

אַז הינטל־ווינטל לויפט געשווינט,
ווייסט יעדערער פון אייך,
דאָך קאָן עס קיין מאָל, קיין מאָל נישט
זיך יאָגן מיט מיר גלייך.

ווייל רעדל איינס מאַכט רידל־ראַ,
דאָס צווייטע רידל־רוים,
ד׳אָס דריטע רעדלט רידל־רי,
דאָס פערטע הערט מען קוים.

נאָר פלוצלונג — אוי, אַ צרה מיר!
אַ טראַך אין דר׳ערד אַריין!
עס שפּריצן, בליצן שטערנדלעך,
און איך — איך זע קיין שיין!

עס שווייגן מיינע רעדעלעך,
פאַרשטומט איז רידל רוים,
און איך, דער גרויסער העלד אַליין —
איך ליג און ריר זיך קוים.



## מזלדיקער האָז

מזלדיקער האַז,
מזלדיקער האַז,
פאַלסט נישט אויפן שכל,
פאַלסטו אויף דער נאָז.

טוסטו אויס זיך באָרוועס,
טרעטסטו אָן אויף גלאָז,
גייסטו רייסן עפּל,
פּאַטשט דער באַלעבאָס.

שרייבסטו אָפּ אַ בלעטל,
גיסטו אויס די טינט,
גייסט אין גאַס זיך שפּילן,
בייַסן דיך די הינט.

טראָגסט אַ נייעם רעקל,
האָט דער פּלויט אַ טשוואָק,
גייסטו זען די ציגן,
בוקעט דיך דער באָק.

גייסט זיך זומער באָדן,
טרענקסטו זיך אין טייך,
גייסט זיך ווינטער גליטשן,
טוסטו פאַלן גלייך.

שפּילסטו אין מלחמה,
טרעפט עס דיך אַליין,
כאַפּסטו אין די זייטן
באַלד דעם ערשטן שטיין.

מזלדיקער האָז,
מזלדיקער האָז,
פאַלסט נישט אויפן שכל,
פאַלסטו אויף דער נאָז.

# שלאָף

שאַרט דער אָוונט זיך אַריין
אין פּאַנטאָפל שטילע,
קינדיש קעפּל ווי אַ זאַנג
וויגן ווינטלעך קילע.

אָנגעשפּילט אַ גאַנצן טאָג —
שליסן זיך די וויעס,
קינדיש קעפּל מיר אַזוי
פּאַלט אויף מאַמעס קניעס.

מאַמעס לײַכטע פליגל־הענט
קוים וואָס זיי באַרירן,
לאָקן ווייכע גאָלדענע
ס׳ווייסע בעט באַצירן.

צינדט די נאַכט חלומות אָן
אין איר בלויען היכל —
אויף די ליפּלעך אָפּענע
בלעזלט זיך אַ שמייכל.

1934

## גוטע נאַכט

**(צו בראַהמס וויגליד)**

גוטע נאַכט, קום צו גיין,
ס'איז מיין יינגעלע מיד,
ברענג אים שלאָף,
און ברענג אים שטילקייט
און אַ רואיק געמיט.

גוטע נאַכט, שענק דיין רו
פאַר מיין יינגעלעס גוף,
גוטע נאַכט, ליבע נאַכט,
קום צו גיין, ווען איך רוף.

**1937**

# די בלויע שעה

דער טאָג איז שוין אַריבער,
די נאַכט איז נאָך נישטאָ,
צווישן ליכט און פינצטער
עס הענגט אַ בלויע שעה.

און דורך דעם שמאָלן פענצטער,
און איבער בלויער בריק
עס קומט אַן אָוונט-ווינטל
און גלעט מיין קינד אין וויג.

אויף קלאָר-געדעקטן לײַלעך
עס שלאָפט מיין קנויל פון פרייד,
די קליינע ברוינע הענטלעך
ווי פליגל אויסגעשפּרייט.

אַ ביימל שלאַנק און בייגיק
ביים פענצטער שטייט און וואַכט,
און שעפּטשעט ווי אַ באָבע
פאַר שלאָפן גיין ביינאַכט.

די היישעריקן ציען
דאָס אַלטע, אַלטע ליד —
ווי שטילקייט אין אַן אויער,
ווי פליסנדיקע פריד.

דער טאָג איז שוין אַריבער,
די נאַכט איז נאָך נישטאָ,
נאָר טיפער ווערט די בלויקייט,
און שטילער ווערט די שעה.

1937

## זון פֿאַרגאַנגען

זון פֿאַרגאַנגען, טאָג איז שוין נישטאָ,
שוועבט אַן אומעט איבער בלויער שעה,
זיצן קינדער אינעם אָוונט בלוי,
זיצן, בעטן אָט אַזוי:
שטילער אָוונט, זינג אונדז איי־ליו־ליו,
קינדער בענקען שוין נאָך רו.

נייגט זיך אָוונט איבער קליינע קעפּ,
וועבט פֿון שלאָף אַ כּישופֿדיק געוועב,
פֿאַלן וויעס נידעריק אַזוי,
שליסן זיך אין אָוונט־בלוי.
שטילער, שטילער, שעפּטשעט אָוונט־ווינט,
קינדער שלאָפֿן שוין אַצינד.

1948

# אויף דער וויג־ברעט

אַראָפּ — אַרויף, אַראָפּ — אַרויף,
אָן אָן עק און אָן אַ סוף,
פֿון פֿרימאָרגן ביזקל שפּעט
וויג זיך, וויג זיך אויף דער ברעט.

1948



## פּאָפּוגיי און טשערעפּאַכע

פּאָפּוגיי און טשערעפּאַכע,
טשערעפּאַכע און פּאָפּוגיי,
איינס פון רעכטס און איינס פון לינקס,
און איך אין מיטן — זיינען מיר דריי.

פּאָפּוגיי — ער קאָן נישט שווייגן,
ס׳מאַכט זיך גאָרנישט צו דאָס מויל,
טשערעפּאַכע — קאָן נישט ריידן —
צי זי שעמט זיך, צי זי איז פויל.

טשערעפּאַכע קומט פון וואַסער,
און פון וואַלד — דער פּאָפּוגיי,
איך אַליין — פון בעסאַראַביע,
כ׳האָב אַ פעטער אין וואַלעכיי.

1962



# פּאָלי

היי, דו גרינער פּאַפּוגיי,
מיטן שנאָבל ווי אַ שופר,
זאָג וואָס שרייסטו איי און איי
גאַנצע טעג אָן אויפהער.

פינטלט פּאָלי מיטן אייגל,
שרייט און פינטלט מיטן אייגל:
פּאָלי וויל אַ בייגל,
פּאָלי וויל אַ בייגל!

1922

## בייבי־היפּאָ

בייבי־היפּאָ, קריך אַרויס,
היי, היפּאָפּאָטאַמעס,
קריך אַרויס, דו קליינער שנעק,
זונעלע דער מאַמעס!

בייבי־היפּאָ, קריך אַרויס
פון דעם קאַלטן וואַסער,
נו, גענוג שוין ליגן דיר
גאַנצע טעג אַ נאַסער.

אוי, ער קריכט שוין — זע ווי גראָב
יעדער פוס — אַ פעסל,
און אַ מאָרדע און אַ קאָפּ,
ווי דער באָבעס קעסל.

בייבי־היפּאָ, שטעל אַ פוס,
שפּאַן אַ ביסל גיכער,
שלעפּ שוין דאָרט דעם פעטן גוף,
ריר זיך פוילער קריכער!

1922





## די סאָווע

(לויטן ענגליש)

ס׳האָט געלעבט אַן אַלטע סאָווע
אויף אַ דעמבן־בוים העט־העט,
וואָס מער זי האָט געהערט,
אַלץ ווייניקער גערעדט.
וואָס ווייניקער גערעדט,
אַלץ מער האָט זי געהערט,
פון דער סאָווע זיך צו לערנען
איז כ׳לעבן טאַקע ווערט.

1936

# האַרבסט

ווי שיין זיינען האַרבסטיקע בלעטער,
וואָס ליגן צעוואָרפן אין גראָז,
די גאָלדענע רויטע און ברוינע,
וואָס טאַנצן פון ווינטלס אַ בלאָז.

ווי גוט איז צו טרעטן אויף בלעטער,
וואָס שאָרכן דיר אונטער די פיס,
און הערן ווי וועוועריקעס שפרינגען,
און זאַמלען אויף ווינטער די ניס.

די לופט איז געשמאַק ווי אַן עפּל,
כאָטש ביים זיך אַריין מיט די ציין,
ס'איז גוט, וואָס נאָך זומער דעם הייסן
די מילדקייט פון האַרבסט קומט צו גיין.

1948

## איך וועל דיך פֿאַר אַ כלה נעמען

### (לויט אַ פֿאָלקסליד)

— איך וועל דיך פֿאַר אַ כלה נעמען,
און כ׳וועל דיינער בלײַבן,
דו זאָלסט אין שניי אין מיטן ווינטער
פֿאַזעמקעס מיר קלייבן.

— איך וועל אין שניי אין מיטן ווינטער
פֿאַזעמקעס דיר קלייבן,
דו זאָלסט פֿאַר מיר די גאַנצע תורה
אויף אַ נאָגל שרייבן.

— איך וועל פֿאַר דיר די גאַנצע תורה
אויף אַ נאָגל שרייבן,
דו זאָלסט מיר נייען זיבן העמדער
אָן פֿאָדעם און אָן צוויגן.

— איך וועל דיר נייען זיבן העמדער
אָן פֿאָדעם און אָן צוויגן,
דו ביסט אַ נאַר און איך — נישט קליגער,
טאָ לאָמיר ביידע שווייגן.

1946

# אַ מעשהלע־שעה

גענוג שוין געהוליעט, גענוג שוין געשטיפּט,
זעט ווי דער שוויים פֿון די פּנימער טריפֿט,
זעט ווי צעפּאַליעט איר זייט און צעפּלאַמט,
הענט נישט געוואַשן און האָר נישט געקאַמט.

לאָמיר זיך זעצן אין שאָטן אָט דאָ,
וועלן מיר האָבן אַ מעשהלע־שעה.
אַ מעשהלע־שעה, אַ מעשהלע־שעה!
אַמאָל איז געווען און היינט איז נישטאָ.

1928



# דזשאָ

1

פֿאַראַנען בערן ברוינע, בערן שוואַרצע, בערן ווײַסע,
נאָר מײַנע זײַנען גרינע — ווי עס טרעפֿט זיך אין אַ מעשה.

ביים ברעג פֿון האָדסאָן טײַך אין דער ניו־יאָרקישער מדינה,
דאָרט שפּיגלען זיך אין וואַסער טיף די בערן־בערג די גרינע.
זיי הויערן שוער־לײַביקע גישט ווײַט פֿון האָדסאָן באָרטן
און אויפֿן העכסטן הויקער־שפּיץ דאָרט שטייט אַ חיה־גאָרטן.

און אויפֿן טייך דעם מעכטיקן, און אויפֿן טייך דעם טיפֿן
עס קומען צו די בערן־בערג צו גאַסט פֿיל ווייסע שיפֿן.
זיי קומען שווער באַלאָדענע מיט מאַמעס און מיט טאַטעס,
מיט קינדער, וועלכע פֿאָרן זען די חיות הינטער גראַטעס.

פֿאַראַנען חיות אַלערליי און פֿייגל פֿיל קאָלירטע:
די גרויסע ברוינע אָדלערס און די פּאַוועס אויסגעצירטע,
די יאַשטשערקעס די גרינע און די שלענג פֿאַרדרייט אין רינגען,
און הירשן מיט די לאַנגע פֿיס, וואָס האַלטן אין איין שפּרינגען.

נאָר ס׳איז דען אויסצורעכענען און ס׳איז דען אַלץ צו מעלדן?
שוין צייט אייך צו באַקענען איצט מיט מיינע פֿינף העלדן.

דריי שטייגן שטייען אין אַ ריי מיט נעצן בלויז צעטיילטע,
דאָ וווינען זיי די פֿינף — מיינע העלדן אויסדערוויילטע.

אין ערשטער שטייג וווינט נאַפּאָלעאָן — אַ קליינער ווייסער וויזל,
צוויי אייגעלעך מיט קנאה פֿול, און יעדער צאָן — אַ שפּיזל.
אין צווייטער שטייג וווינט „שוואַרצער דזשאָ", דאָס איז אַ קראָ אַ חכם.
און אַלע קינדער ליבן אים און קענען זיינע דרכים.
און דזשאָ פֿאַרשטייט די קינדער־שפּראַך און זיי פֿאַרשטייען זיינע,
און ס'גלעטן ווייכע הענטלעך זיינע פֿעדערלעך די פֿיינע.

נישט שטענדיק האָט דער שוואַרצער דזשאָ געמוזט אין שטייגן לעבן —
צום ערשטן האָט דער וועכטער אים געלאָזט אַ פֿרייען שוועבן,
דער וועכטער האָט מיט ליבשאַפֿט פֿול צו אים זיך צוגעבונדן.
האָט פּלוצלונג זיך אין שוואַרצן דזשאָ אַ תאווה אָנגעצונדן:

דערזעט ער נאָר אַ לעפֿל צי אַ גאָפּל אין אַ ווינקל —
צי מעג עס עפּעס אַנדערש זיין — אַבי עס גיט אַ פֿינקל,
און שוואַרצער דזשאָ ער טראַכט ניט פֿיל — גענומען און געטראָגן,
און מענטשן ווערן ברוגז און זיי קומען זיך באַקלאָגן.

דער וועכטער האָט די מאָדנע שטיק גענומען זיך צום האַרצן,
און האָט אין שטייג אַריינגעזעצט זיין ליבן דזשאָ דעם שוואַרצן.
פֿאַרטרויערט זיצט ער און ער בענקט נאָך גרינעם וואַלד אַצינדער,
נאָר שוואַרצער דזשאָ פֿאַרמאָגט אַ טרייסט — די ליבשאַפֿט פֿון די קינדער.

און דריטער שטײַג — דאָרט וווֹינען דריי — דריי גרויע אַלטע סאָוועס,
וואָס זיצן דאַכט זיך גאַנצע טעג פאַרזונקען אין מחשבות.
און טאָם און דיק און הערי — די דריי סאָוועס פון דער מעשה,
זיי האָבן שרעקלעך פיינט געהאַט דאָס וויזעלע דאָס ווײַסע:

אַ גדלן, אַ באַרימער — און מיט וואָס, איז שווער צו וויסן,
איי וואָלט מען זיי נאָר צוגעלאָזט — זיי וואָלטן אים צעריסן.
גאָר אַנדערש האָבן זיך געלעבט די דאָזיקע דריי שכנים
מיט זייער שכן ביי דער זייט — מיט שוואַרצן דזשאָ דעם קליינעם.

זיך קיין מאָל נישט באַליידיקט, און זיך קיין מאָל נישט געריסן,
און ווי די בעסטע גוטע פריינט געטיילט זיך מיטן ביסן.

2

עס האָט אַ העלע זומער־זון צעהיצט זיך און צעפּאַליעט,
און האָט אַ שטראָם אַ גליענדיקן איבער שטאָט צעכוואַליעט.
געלאָפן זיינען מענטשן פון גיהנומדיקן שטיקן,
געקומען אין די בערן־בערג מיט קילקייט זיך צו קוויקן.

און קינדער אין די טויזנטער — מיט קולות און האַוויַיעס —
אַרומגערינגלט האָבן זיי די שטייגן מיט די חיות.
געשטופּט זיך איינס דאָס אַנדערע, געלאַכט פון גאַנצן האַרצן,
און מער פון אַלעמען באַוווּנדערט אונדזער דזשאָ דעם שוואַרצן.
און מער פון אַלעמען פאַרליבט איז אסתרל די געלע
מיט אירע גרויסע מאַנדל־אויגן, מיט אירע האָר די העלע.

דזשאָ שטעקט אַרויס זיין סאַמעט־קעפּל דורכן גראַטע־ווענטל,
און אסתרל — זי לאַטשטשעט אים און גלעט אים מיטן הענטל,
זי רעדט צו אים און ער פאַרשטייט די ווערטער אירע זיסע,
און דזשאָ איז גליקלעך און פאַרגעסט זיך, אַז ער זיצט אין תפיסה.

3

נאָר זייט ביי זייט אין צווייטער שטייג ברענט נאַפּאָלעאָן מיט צאָרן:
דאָס ביסל גליק פון שוואַרצן דזשאָ שטעכט ווילען ווי אַ דאָרן...
„וואָס האָבן זיי דערזען אין אים — אין אָט דעם שוואַרצן גאָרניט?
און קומט צו שיינקייט — איז דאָך דזשאָ געוויס צו מיר
קיין פּאָר נישט.
די קראָ — אַ קויטיקע ווי בלאָטע, און איך ווי שניי אַ קלאָרער,
אַזאַ מין פּעלעכל ווי מיינס איז איינס אין וועלט דער גאָרער!
נאָר אַז קיין מזל איז נישטאָ — איז לעבן גאָרנישט ניחא...”
און אונדזער ווייזל נאַפּאָלעאָן — ער שרפעט פון רציחה.

4

די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען און די לופֿט איז קיל געוואָרן,
די מענטשן פֿון דער שטאָט דער גרויסער זײַנען זיך צעפֿאָרן,
צעפֿאָרן זיך און מיטגענומען קעשענעס מיט קילקייט,
געגנידערט האָט אויף בערן־בערג אַ כּישופֿדיקע שטילקייט.

אַ נעפּל ווי אַ ווײַסער רויך האָט זיך אַראָפּגעלאָזן
און אײַנגעהילט די בערן־בערג, די ביימער און די גראָזן.
עס שלאָפֿן שוין די חיות אין דער זומער־נאַכט דער מילדער,
און חלומען פֿון פֿרײַהייט אין דער דזשאַנגל אין דער ווילדער.
און שוואַרצן דזשאָ עס חלומט זיך פֿון אַסתּרל דער געלער,
דער גלעט פֿון אירע הענטלעך און איר אויגנבליק דער העלער.

בלויז איינער, איינער שלאָפֿט נאָך נישט און גרייט זיך אויף נקמה,
דער ווײַסער ווײַזל נאַפּאָלעאָן — מיט האַס אין זײַן נשמה.
עס גריזשען זײַנע צײַנדעלעך דאָס ווענטל פֿון די דראָטן,
עס וואַקסט און וואַקסט דער דורכבראָך — דער מאָרד מוז אים געראָטן.
פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף זיצט שוואַרצער דזשאָ דער קליינער
און הערט ניט ווי דער ווײַסער ווײַזל שאַרפֿט זיך זײַנע צײַנער.



5

נאָר פּלוצלונג האָט אַ ווילדער קוויטש די רו פון נאַכט געבראָכן —
דער מערדער האָט די שאַרפע ציין אין דזשאָן אַריינגעשטאָכן.

אַ שוואַך געשריי — און גאָרנישט מער — דער מאָרד איז אים געלונגען.

דערשראָקן זיינען די דריי סאָוועס פלוצלונג אויפגעשפרונגען —
געריש פון פליגל-פּאַטשערײַ און גרילציקע געשרייען,
עס האָט די שטומקייט פון דער נאַכט געשפּאָלטן זיך אויף צווייען:
„רוצח דו, און פחדן דו, ביינאַכט ביסטו געקראָכן,
און האָסט אין פינצטערניש דערשטיקט דעם ליבסטן בעסטן שכן!"

צו שפּעט איז איצטער דאָס געשריי — אומזיסט די רייד געפּטרט —
בלויז שוואַרצע פעדערלעך צעפּליקטע האָבן איצט געפלאַטערט...

פאַרבלוטיקט און צעטומלט איז דער מערדער אומגעלאָפן,
ער האָט געזוכט דעם וועג צוריק — געזוכט און נישט געטראָפן.

אַ שוואַרצע האַנט האָט אים געיאָגט — די האַנט פון מלאך המות,
פון שרעק האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין דער תפיסה פון די סאָוועס.
דריי שנאָבלען האָבן אין זיין לייב זיך טיף אַרײַנגעביסן,
אַ רגע בלויז — און נאַפּאָלעאָן געלעגן איז צעריסן.

6

נישט ווייט פון שטייג עס שטייט אַ שטיין און דאָרטן שטייט געשריבן:
„דאָ ליגט באַגראָבן דאָס געביין, וואָס איז פון דזשאָן פאַרבליבן,
ס׳איז שוואַרצער דזשאַ געווען אַ קראַ — אַ פויגל-זון אַ בראַווער,
און איז פאַרבליבן ביזן טויט די קינדערס בעסטער חבר.״

1936



ס'איז שוין דאָ אַ יִם מיט יאָרן,
כ'בין נאָך גאָר געווען אַ קינד,
נאָר די מעשה — איך געדענק זי —
גלייך זי האָט פּאַסירט אַצינד.

ס'איז געווען אַ ווינטער אָוונט,
ווינטער איז אין דרויסן קאַלט,
און אין שטוב איז ליכטיק, וואַרעם,
זיצט מען אַלע — יונג און אַלט.

אויבן זיצט ביים טיש דער טאַטע
(אָפּגעשיידט פון אונדז לאָז זיין),
אויפן טיש אַ ספר אָפן,
און ער קוקט פאַרטיפט אַריין.

ביי דער הרובע אַלע קינדער
פלאַפלען, אָט ווי דו אַצינד,
ווער עס שפּילט אין „עטל־בעטל",
ווער עס שטריקט אַ זאָק געשווינד.

און די מאַמע איז פּאַרפּאָרעט
דאָרט אין קיך — זי פּרעגלט שמאַלץ,
שייטלעך קנאַקן, ס׳שלאָגט אַ פּאַרע,
ריחות קיצלען אַזש אין האַלדז.

און זי שטייט זיך שטיל ביים פייער,
קוקט צום קעסל, קוקט און טראַכט,
פּלוצלונג האָט דאָס קוימען־טירל
מיט אַ פּראַל זיך אויפגעמאַכט.

גייט די מאַמע צו צום טירל,
טוט אַ קוק — און הערט אַ שיינס:
אין דעם לאָך פון קוימען טירל
שטעקט אַ הענטעלע אַ קליינס.

ס׳איז אַ שרעטעלע געוועזן,
ס׳האָט ווייזט אויס דאָס שמאַלץ דערשמעקט,
און עס האָט דאָס קליינע הענטל
נאָך אַ גריוו אַרויסגעשטעקט.

און אַ שרעטל, דאַרפֿט איר וויסן,
איז אַ ברכה אין אַ הויז,
מאָנט עס עפּעס, דאַרף מען געבן,
מזל וועט דערפֿון אַרויס...

לויפֿט די מאַמע נאָך אַ לעפֿל,
ציט אַרויס אַ גריוו געשווינד,
לייגט אַריין אין קליינעם הענטל,
און דאָס שרעטעלע פֿאַרשווינדט.

און די מאַמע פּרעגלט ווייטער,
אויסגעפּרעגלט גוט און פֿיין,
און זי נעמט עס איבערגיסן
אין אַ גרויסן טאָפּ אַריין.

אָנגעפּילט אַ טאָפּ, אַ צווייטן,
און אַ דריטן ביז אַרויף,
און דאָס שמאַלץ עס פֿליסט און גיסט זיך,
פֿליסט און פֿליסט און הערט ניט אויף.

ס'גייט אַוועק אַ שעה, אַ צווייטע,
און אין שטוב, מע וווּנדערט זיך:
עפּעס זאַמט זיך דאָרט די מאַמע,
עפּעס זיצט זי לאַנג אין קיך.

הייבט זיך אויף פון טיש דער טאַטע
און ער לאָזט אין קיך זיך גיין,
און נאָך אים — די קינדער אַלע,
נאָר דאָס קלענסטע בלייבט אַליין.

קומט אַריין אין קיך דער טאַטע,
טוט אַ קוק און זאָגט קיין וואָרט,
און די קינדער קוקן, שטוינען,
נאָר מע רירט זיך נישט פון אָרט.

און די מאַמע גיסט און שמייכלט,
אָנגעפילט שוין ווי אַ טאָפּ,
און דאָס שמאַלץ — עס מערט און מערט זיך,
און אין קעסל פעלט קיין קאַפּ.

פלוצלונג — לויפט אַריין דאָס קלענסטע
און עס טוט אַזאַ געשריי:
זע נאָר וויפל שמאַלץ דו האָסט שוין!
וויפל טעפּלעך, זע נאָר, זע!

איז ווי נאָר עס זאָגט די ווערטער,
בלייבט דער שטראָם פאַרגליווערט שטיין,
און דער קעסל — טרוקן, ליידיק,
גלייך ס'איז גאָר קיין שמאַלץ געווען.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט,
גליק איז שרעקעדיק, מיין קינד,
זאָגט נאָר ווער אַ וואָרט אַ העכערס —
איז אַן עק — דאָס גליק פאַרשווינדט.

נאָר דאָס שמאַלץ איז גוט געווען —
טעם־גן־עדן, קאַשיק, קלאָר!
און עס האָט ביי אונדז געדויערט
אפשר גאַנצע פינף יאָר.

1914

## לשנה טובה

נישט מיט גלעקער, נישט מיט פאָנען,
נישט מיט פֿאַרביקע באַלאָנען
זיינען מיר מקבל פּנים
אונדזער יִדיש יאָר.

הענגט אַ וואָגשאָל פֿאַר די אויגן,
שטייסטו מיטן קאָפּ געבויגן,
ווען דיין גורל ווערט געוווֹיגן —
וויגט זיך אויף אַ האָר.

האָסטו ווי געטאָן אַ שכן,
ביסטו אין יענעמס גבול פֿאַרקראָכן,
האָסטו הייליק וואָרט געבראָכן —
ווײנט אין דיר דיין בלוט.

האָסטו פון דיין לעצטן ביסן
כאָטש אַ ברעקל אָפּגעריסן
יענעמס הונגער צו פֿאַרזיסן —
ווויל איז דיר און גוט.

בלייבן זאָל קיין שפּור פון שנאה,
נישט קיין וואָלקן פון קיין קנאה,
און אין אויג קיין בייזע מינע
אויפן נייעם יאָר.

פרייד און פריד אין אַלע שטיבער,
האָסט צעקריגט זיך, בעט זיך איבער,
זאָל פֿאַר אונדז דער יום־טוב ליבער
שײַנען העל און קלאָר.

1952

# ראש השנה

טונקסטו ברויט אין האָניק איין,
ווערט דאָס נײַ־יאָר זיס דיר זײַן,
פּירסטו אויף זיך גוט און פֿײַן,
ווערט דאָס יאָר נאָך בעסער זײַן.

1948

## די אושפּיזין

זיבן חשובֿע אושפּיזן,
זיבן אורחים ביי מיין טיר
זיינען היינט צו מיר געקומען,
גרייט צו פֿרייען זיך מיט מיר.

קומט זשע, קומט אַריין, האַרציק ליבע פֿריינט,
קומט באַשיינט מיין יום־טובֿ היינט.

שוין געדעקט מיט סכך די סוכה,
לולבֿ, אתרוג זיינען דאָ,
ברענגט אַריין דעם מכניס אורח,
אבֿרהם אבֿינו, ברוך הבא!

קום זשע, קום אַריין, האַרציק ליבער פֿריינט,
קום באַשיין מיין יום־טובֿ היינט.

שוין די ליכט אויף טיש געצונדן,
און דער וויין איז אויך שוין דאָ,
קום אַריין און מאַך אונדז קידוש,
יצחק אבֿינו, ברוך הבא!

קום זשע, קום אַריין, האַרציק ליבער פֿריינט,
קום באַשיין מיין יום־טובֿ היינט.

אָפּגעמאַכט דעם שיינעם קידוש,
פּיש און פליש זיי זיינען דאָ,
קום און לעג דיין האַרץ זיך אונטער,
יעקב אבינו, ברוך הבא!

קום זשע, קום אַריין, האַרציק ליבער פריינט,
קום באַשיין מיין יום־טוב היינט.

עסט און זייט זיך משמח
אין דער יום־טובדיקער שעה,
ברענגט אַריין דעם גאַסט דעם שיינעם —
יוסף הצדיק, ברוך הבא!

קום זשע, קום אַריין, האַרציק ליבער פריינט,
קום באַשיין מיין יום־טוב היינט.

שלשה שאָכלו שטייט געשריבן —
מער ווי שלשה זיינען מיר דאָ,
דאַרף מען דאָך זאָגן דברי תורה —
משה רבנו, ברוך הבא!

קום זשע, קום אַריין, האַרציק ליבער פריינט,
קום באַשיין מיין יום־טוב היינט.

שוין געגעסן און געטרונקען,
אַ מזומן זיינען מיר דאָ,
קום אַריין און בענטש אונדז אַלע —
אהרן הכהן, ברוך הבא!

קום זשע, קום אַריין, האַרציק ליבער פריינט,
קום באַשיין מיין יום־טוב היינט.

דורכן סכך עס ווינקען שטערן,
שיין און הייליק איז די שעה,
קום אַריין און זינג אונדז תהילים —
דוד המלך, ברוך הבא!

קום ישע, קום אַריין, האַרציק ליבער פרײַנט,
קום באַשיין מיין יום־טוב הייַנט.



1955

# שמחת תורה

אַ פֿאָן מיט אַ ליכטעלע,
מיט אַ רויטן עפּל,
טאַנץ מיט דער תורה,
אַ געזונט אין דײַן קעפּל.

1948



## אַ יידיש הויז

דער טאַטע האָט אין לעמפּעלע
געצונדן ליכטלעך אַכט,
די מאַמע האָט פון קיך אַרוים
די לאַטקעלעך געבראַכט.

די קינדער האָבן לאַכנדיק
די דריידלעך פלינק געדרייט,
און ס׳האָט דער יום־טוב חנוכה
געבראַכט אַזוי פיל פרייד.

1948

# חנוכה

ח איך בין די חית פון די חשמונאים —
אַ טאַטע מיט פינף בנים.

נ איך בין נון פון נצחון גרויס
איבער אַלע בייזע יוונים.

ו איך בין די וואָוו פון וווּנדער שיין —
וווּנדער פון אונדזער באַפרייוּנג.

כ איך בין די כּף פון חודש כסליו —
חודש פון אונדזער באַנייוּנג.

ה איך בין די הֵא — העל און קלאָר
שיינען די ליכטלעך אַצינדער.

★ און איך בין דאָס בלייענע חנוכה דריידל —
אַ שפּיל פאַר ייִדישע קינדער.



## די מגילה

אַמאָל איז געווען
אַ קעניג אַ נאַר,
און המן זיין דינער —
אַ ביטערער האַר.

האָט המן דער בייזער
געגעבן אַ זאָג:
נעמט הרגעט די ייִדן —
און אַלע אין איין טאָג.

האָט אסתר די מלכה —
אַ יידישע פרוי
געוויינט פאַרן קעניג
אַזוי און אַזוי:

אָ, העלף מיר, מיין קעניג,
מיין פאָלק איז אין נויט,
דער המן וויל ברענגען
אויף ייִדן דעם טויט!

און באַלד האָט דער קעניג
צעבייזערט זיך שטאַרק:
נעמט הענגט אים דעם המן
אין מיטן פון מאַרק!

באַקומען האָט המן
ווי ער האָט פאַרדינט,
און געוויינט אויף זיין טויט —
האָבן אפשר די הינט.

און אסתרס פעטער —
מרדכי דער ייִד
האָט געזונגען פאַר ייִדן
אַ פורימדיק ליד.

געהערט האָבן ייִדן
און האָבן געלאַכט,
און זיסע המן־טאַשן
אויף פורים געמאַכט.

1949



## אַ זמרל לכבוד פּורים

אוי, ייִדן, האָב איך אַ גראַגער,
אַ גראַגער, וואָס גראַגערט ראַש־ראַש־ראַש,
איצט דאַרף איך נאָך האָבן? — אַ טאַש מיט דריי שפּיצן —
הייסט עס איך דאַרף נאָך האָבן אַ המן־טאַש.

אוי, ייִדן, האָב איך אַ המן־טאַש,
ז׳ים ווי האָניק און פול מיט מאָן,
איצט דאַרף איך נאָך האָבן אַ המן־הרשע,
וועל איך אים הענגען אויבן־אָן.

אוי, ייִדן, האָב איך אַ המן,
אַ צורר היהודים — אַ מיאוסן פּאַרשוין,
איצט דאַרף איך נאָך האָבן אַן אסתר המלכה,
אין ווייס און אין בלוי — מיט אַ גילדענער קרוין.

אוי, ייִדן, האָב איך אַן אסתר,
זי האָט דאָס דעם טיפּש דאָס קעפּל פּאַרדרייט,
איצט דאַרף איך נאָך האָבן אַ מרדכי הצדיק,
וואָס רייט אויף אַ פערדל אין תכלת געקליידט.

אוי, ייִדן, האָב איך אַ מרדכילע,
נישטאָ נאָך אַזאַ צדיק אויף דער גאָרער וועלט,
איצט דאַרף איך נאָך האָבן אַ פּורים-קוילעטש,
געדרייט און געפלאָכטן און מיט זאַפראַן פּאַרגעלט.

אוי, ייִדן, האָב איך אַ פּורים-קוילעטש,
לאַנג און ברייט ווי דער שור-הבר,
איצט קומט צו דער סעודה און מאַכט אַ לחיים:
לחיים ולשלום — און אַ פריילעך יאָר!

1941

## הא לחמא עניא

דאָס דאָזיקע מאָגערע ברויט,
וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געגעסן אין שקלאַפעריי,
עסן מיר איצט מיט פריידיקע הערצער,
אַ פאָלק איצט מיט אַ ווילן, אַ פאָלק אויף דער פריי.

ווער עס נייטיקט זיך —
אונדזער טיש איז גרייט,
ווער עס איז הונגעריק —
עסט געזונטערהייט.

1936

# בכל דור ודור

אין יעדער דור האָט בייזער פּיינט
אַנטקעגן אונדזער פֿאָלק געקריגט,
נאָר אונדזער פֿאָלק — עס לעבט ביז היינט,
עס האָט גערעכטיקייט געזיגט.

1936

# דיינו

אַרויסגעגאַנגען פון מצרים
אויף אַ לעבן אויף אַ נייעם,
אויף אַ לעבן אויף אַ פרייען —
דיינו!

וואָלטן מיר דער וועלט געגעבן
נאָר איין משהן, אונדזער רבין,
וואָלט שוין ווערט געווען צו לעבן —
דיינו!

וואָלטן מיר דער וועלט געגעבן
נאָר דעם נביאס גרויסן חלום:
וועלט פון יושר און פון שלום —
דיינו!

הללס ליבע און סבלנות
שיינע הייליקע מתנות
זיינען אויכעט בנאמנות
דיינו!

וואָלטן מיר אין אונדזער סביבה
נאָר פאַרמאָגט אַ רבי עקיבא,
וואָלט שוין אויך געווען אַ זכיה —
דיינו!

אַרויסגעגאַנגען פון מצרים
אויף אַ לעבן אויף אַ נייעם,
אויף אַ לעבן אויף אַ פרייען —
**דיינו!**

1936



## חד־גדיא

חד־גדיא איז אַ ציגעלע,
וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט,
האָט קעצל דעם אַ בים געטאָן
די ערשטע סדר־נאַכט.

צעהאָווקעט האָט זיך הינטעלע:
דו קאַץ, דאָס איז געמיין!
און האָט דעם בייזן קעצעלע
געוויזן אַלע ציין.
חד גדיא,
חד גדיא.

האָט שטעקעלע פון וואַלד אַרויס
זיך גלייך אַרויסגעכאַפּט,
און האָט דעם האָוקער הינטעלען
די ביינער אָנגעקלאַפּט.

האָט פייערל אַזאַ מין זאַך
פאַרשווייגן נישט געקענט,
צעפלאַמט האָט זיך דאָס פייערל,
און שטעקעלען פאַרברענט.
חד גדיא,
חד גדיא.

געלאָפֿן איז דאָס וואַסערל,
געקומען גלייך פֿון ים,
אַ וואָרף זיך אויפֿן פֿייערל —
און שוין — נישטאָ קיין פֿלאַם.

געקומען איז דער אָקסן־קאָפּ,
מיט הערנער גלייך אַ שטוים:
דו וואַסערל קאַפּאַסערל!
און טרינקט דאָס וואַסער אויס.
חד גדיא,
חד גדיא.
נו, קינדער מיינע טייערע,
אַ מעשה האָט אַן עק,
איצט קומט דער אפיקומן,
און פֿון לעצטן כּוס אַ לעק.
חד גדיא,
חד גדיא.

1949

# חסל סידור פסח

פאַרענדיקט דעם פסח
מיט מזל און ברכה,
לויט מנהג פון זיידעס,
לויט דין און הלכה.

פיר קשיות געפרעגט,
און פאַרזוכט ארבע כוסות,
געטאָפּלט די מצה
אויף כריין און חרוסת.

און הלל געזונגען,
און קניידלעך געגעסן,
און אליהו הנביא
האָבן מיר אויך נישט פאַרגעסן.

איצט לאָמיר זיך ווינטשן,
אַז פונקט ווי אַצינדער,
זאָל שיינען דער סדר
ביי אונדזערע קינדער.



און נחת זאָל פליסן,
און שלום זאָל בליען,
און אייביק זאָל לייכטן
דער שטערן פון ציון.

# שבועות

זומער־לעב, זומער־לעב,
זוניקע פרייד,
ברענגסט אונדז דעם שבועות
אין גרינעם געקליידט.

ליכטיקער יום־טוב,
וואָס זינגט אונדז אַ ליד
פון יידישער תורה,
פון ליבשאַפט און פריד.

ליבשאַפט אין האַרצן
און בלומען אין פעלד,
וואָס פאַר אַ פרישע
און ליכטיקע וועלט!

1952



# שבת

האָסט דער וואָך דיין מי געגעבן,
איצטער מענטש אַ פרינץ ביסטו,
קום געליבטער און באַגעגן
דיין בת-מלכה — שבת רו.
שלום, שלום, וועלט דער גאַנצער,
און אַ חבריש געמיט,
לאָמיר זיך צוזאַמענגיסן
אין אַ האַרציק שבת-ליד.
שטילער אָוונט האָט געגידערט,
פרידלעך איז אַצינד די שעה,
לכה דודי לקראת כלה,
פני שבת נקבלה.
שלום, שלום, וועלט דער גאַנצער,
און אַ חבריש געמיט,
לאָמיר זיך צוזאַמענגיסן
אין אַ האַרציק שבת-ליד.



1928

# מוטער־טאָג

אקדמות און נאָך איידער
עס קומט דעם קינדס געשטאַלט,
איז שוין דעם קינדס אַ שמייכל
אויף מאַמעס ליפּ צעשטראַלט.

ווען אַלע וועלדער־פּענען,
און אַלע ימען — טינט,
איז אַלץ נישט צו באַמאָלן
די וווּנדער פון אַ קינד.

ווען אַלע הימלען — פּאַרמעט,
און שרייבער קינד און קייט,
איז גאָרנישט צו באַשרייבן
אַ מאַמעס טיפע פרייד.

טאָ לאָמיר אַלע זינגען
דאָס שענסטע ליד אַצינד,
אַ ליד פון פרייד און וווּנדער
פאַר מאַמע און פאַר קינד.

## אַ בריוו

פון אַ לאַנד, וואָס ליגט ווייט איבער ימען,
כ'שיק אַ האַרציקן וואַרעמען בריוו
צו די ברידערלעך, שוועסטערלעך מיינע
אין דער יידישער שטאָט תל־אביב.

עס האָבן די זיידעס און טאַטעס
אַ ליכטיקן חלום געהאַט :
אַ היים פאַר די זין פון ישראל
צו לעבן געזיכערט און זאַט.

עס האָבן די זיידעס געחלומט,
געחלומט ביי טאָג און ביי נאַכט,
און איר האָט גענומען דעם חלום
און חלום פאַר אמת געמאַכט.

איר האָט מיטן אייגענעם אָטעם
געטריקנט די זומפּן פון לאַנד,
די שטיינער און דערנער געריסן
מיט מידער, מיט בלוטיקער האַנט.

געווייקט און געבאָדן די זאַמדן,
ביז וואַנען די ערד האָט דערוואַכט,
און ס'האָבן די פּרוכטן און גרינסן
זיך זוניק און פריידיק צעלאַכט.

געהאָפט און געבעטן אויף שלום,
נאָר מוטיק און זיכער און פעסט
געגרייט זיך אַנטקעגן דעם שונא
צו שיצן די אייגענע נעסט.

איצט קוועלט אָן מיין הארץ פון דער ווייטנס,
און ס'רייסט זיך אַרויס פון מיין בריוו:
מיין ברכה אויף אייך, מיינע ליבע,
אין דער זוניקער שטאָט תל־אביב!

1948

# אינהאַלט